שנייער וואַסערמאַן

# שוועלבעלעך

(קינדער־לידער און פּאָעמעס)

אילוסטרירט פון

יאַנקעוו מיטלער

אַרויסגעגעבן פון מעכאבער
בא דער מיטהילף פון קולטור־הויז
„סענדעלע"





בוענאָס איירעס

1 9 3 8

געווידמעט מיינע קינדער:
הערשעלע און דאָבעלע.




קליידט זיך אָן דער הימל בלוי.
וואשן פעלדער זיך אין טוי.
וועקט פון דרימל זיך די ערד.
וועקט זיך אויף די וועלט און הערט:
שאַ, א טאָג געבוירן ווערט.

א נייער טאָג וועט קומען באַלד.
זינגען פייגעלעך אין וואלד,
זינגען ווינטעלעך אין פעלד,
זינגט מיין טעכטערל און קוועלט:
„גוטמאָרגן, שיינע וועלט!"




רויטלען זיך דעכער אין זונען־פארגאנג,
גלאנצן די שויבן אין רויטלעכער שיין,
זינגען די פייגל דאָס לעצטע געזאנג —
א טאָג דרימלט איין.

א טאָג שליסט די אויגן, די ליכטיקע צו,
קומען פון ערגעץ אָן שאָטנס פארטראכט
און ברענגען צו פירן — כ'ווייס ניט פון וווּ —
א שטילע און בלוילעכע נאכט.




איבער גאסן ווייט און ברייט,
בלאָזן ווינטן אף טרומייט:
פו-פו-פו! פו-פו-פו!

פויקט א דונער פריי און מונטער
און א רעגן פליעסקעט אונטער:
פלו-פלו-פלו! פלו-פלו-פלו!

שפאלט א בליץ דעם הימל אויבן,
אין די פענצטער קלינגען שויבן:
קליפ און קלאָפ! קליפ און קלאָפ!

און דער רעגן — פיטש־נאס,
טאנצט מיט הוילע פיס אין גאס:
היפ-היפ-האָפ! היפ-היפ-האָפ!




לייטערט זיך דער הימל אויס,
רעגנט שוין ניט מער.
אָט א בלעטל פון א בוים
פינקלט נאָך א טרער...

פאלט נאָך ווי א טראָפּעלע,
רעגן פון דער הויך.
פּויקט א דונער, ווי ניט ווי
מיטן לעצטן קויך.

צינדט זיך אָן א לעצטער בליץ
און פארלעשט זיך גלייך.
שמאָלע וואסער־ריטשקעלעך,
ציען זיך צום טייך.

קומען פייגל אפן דאך,
זינגען פריילעך לידער.
טוט די זון א שמייכעלע
און צעשיינט זיך ווידער...




בליען בלומען אין מיין גאָרטן,
שיינע בלומען, אך, ווי שיין!
קום איך אין מיין בלומענגאָרטן
אלע אינדערפרי צוגיין.

צווישן העלע בלומענבייטן
גיי איך מיר אַרום.
שמייכלען בלומען מיר אנטקעגן,
גריסט מיך יעדע בלום.

און פון אירע בלויע הויכן,
קושט מיך הייס די זון.
האָב איך ניט קיין בלומענגאָרטן,
כאָלעם איך דערפון...



אזא מאָדנע איז די זון:
ווען איך שפּיל מיך אַף דער גאַס,
קושט זי מיר די באַקן אויס
און זי שטיפט מיט מיר און שפּאַסט.

נאָר אין שטוב אַריין צו מיר,
קומט זי קיינמאָל ניט אַריין,
כאָטש ס'איז טונקל אין מיין שטוב,
און א ביסל זונענשיין.

און פאַרקערט, אין שאָכנס הויז,
כאָטש ס'איז ליכטיק דאָרט סאַי ווי,
קומט זי אַלע טאָג, די זון
און זי שיינט נאָך דאָרטן צו.

שיינט נאָר דאָרטן, וווּ מען דאַרף ניט,
וווּ ס'איז ליכטיק אויך אָן איר.
דאָרטן אָבער, וווּ מען דאַרף זי,
מיידט זי שטענדיק אויס די טיר...

ררינטך



## פרילינג — ווינט

כ׳בין א פרילינגס־ווינט, בין איך!
איך טראָג גרינע סאמעט־שיך
און א בלוי זיידן קלייד.
מיינע טריט — טאנץ און פרייד.
ס׳איז מיין אָטעם — בלומען־רייעך.
און מיין קאָל — געזאנג פון טייך,
דאָס געזשומעריי פון בינען,
דער גערויש פון וואַלד, דעם גרינעם
און פון זאנגען דאָס מורמלען.
מיינע אויגן — בלויע הימלען.
מיינע ליפּן — קארשן פרישע.
האָניק־זיסע מיינע קושן,
ווי די קושן פון א קינד. —
כ׳בין א ווינט, א פרילינגס־ווינט.





# שטורעם־ווינט

כ'בין א ווינט, א שטורעם־ווינט!
איך קום דרייסט און געשווינדט.
מיין אָטעם איז טרומייטן־שאַל,
מיינע טריט — דונער־קנאַל,
מיינע אויגן — פייער־בליצן.
וואָלקנס שפּאַלט איך און צעפּיצל,
טייכן נעם איך — גיס זיי אוים.
איך טרייב דעם יאם פון ברעג ארוים.
איך ברויז אים אויף ביזן גרונט. —
כ'בין א ווינט, א שטורעם־ווונט!




ווייט, ווייט פון שטאָט אַרויס,
ווּ דער טאָג לעשט זיך אויס,
ווּ די זון טוּקט זיך אונטער —
דאָרטן וווינט זיך קעניג ווינטער.

איז דער קעניג אַלט און ווייס.
און זיין פּאַלאַץ איז פון אייז.
און פון אייז דעם קעניגס טראָן,
קלאַפּט דער קעניג צאָן אָן צאָן.

איז דעם קעניג נעבעך שלעכט.
ווייל דער קעניג טון א קרעכץ,
איינמאָל כאַטש א קרעכץ טון „אוי",
טאָר א קעניג ניט אזוי.

קרעכצן מעגן קנעכט אליין...
וואָלט דער קעניג זיך צעוויינט,
וואָלט אים עפּשער גרינגער ווערן,
האָט דער קעניג ניט קיין טרערן.

אלע טרערן איינגעפרוירן.
ווייל ער כאָטש א ביסל טרויערן,
ווייסט ער ניט וואָס טרויער הייסט,
ווייל זיין הארץ איז הוילע אייז.

קען דעם קעניגס הארץ ניט קלאפּן.
ווייל ער פארן קאָפּ זיך כאפּן,
אָבער ווען וואָלט דאָס געשען? —
ווען עס וואָלט א קאָפּ געווען.

איז דער קאָפּ אויך ניטאָ.
טראכט דער קעניג: וואָס איז דאָ?
אָן א קאָפּ אפן קארק?
ערגערט זיך דער קעניג שטארק.

פאלט דער קעניג אַף א שפּיצל:
קיינער זאָל זיך ניט דערוויסן,
אז דעם קעניג פעלט דער קאָפּ,
רוקט ער טיף די קרוין אראָפּ...

אָן א קאָפּ און מיט א קרוין. —
ענדיקט זיך די מייסע שוין.




אויב ס'איז עמעס, וואָס מען זאָגט,
אז די זון איז פייער־פלאם,
ווי זשע קומט עס, וואָס די זון –
באָדט זיך פארענאכט אין יאם?

איינמאָל, אין א פארענאכט,
זומערצייט איז דאָס געווען,
איז די זון צום יאם אוועק,
איך האָב זי אליין געזען.

אין א פורפור־רויטן מאנטל
איז די זון געווען געהילט.
פריילעך איז די זון געווען,
מיט די כוואליעס זיך געשפילט.

איך די שטיפערישע כוואליעס
האָבן מיט דער זון געשטיפט.
און צו ביסלעך — די זון
אינעם יאם אריינגעשיפט.

שפּעטער־צו האָט דער יאַם
אָנגעהויבן טונקל ווערן.
כ'האָב געזוכט די זון אין יאַם,
נאָר געפונען האָב איך שטערן...

כ'האָב דערנאָך א גאַנצע נאַכט
מיט קיין אויג ניט צוגעטון:
וואָסער פּנים וועט די וועלט
האָבן איצטער אָן א זון?

ס'וועלן פייגעלעך באַגינען,
מער ניט זינגען קיין געזאַנג.
ווי וועט אויסזען פאַרענאַכט,
אָן א זונען־אונטערגאַנג?

ווי וועט זיך דאָס ראָבע קעצל
וואַרעמען אָן דער זון?
כ'האָב דערפאַר א גאַנצע נאַכט,
מיט קיין אויג ניט צוגעטון.

נאָר אַז מאָרגן אינדערפרי,
ווען איך בין צום יאַם געקומען,
איז די זון, די זעלבע זון,
פונעם יאַם ארויסגעשווומען.

ווייס איך דאָרטן, וואָס מען זאָגט,
אז די זון איז פייער־פלאַם?
קען דען מעגלעך זיין, אז פייער
זאָל זיך באָדן אינעם יאַם?..




אויסגעוועזן שוין די צייט
איז דער זומער דאָ,
גרייט ער זיך אין וועג אַרײַן,
אין אַ גוטער שאָ.

נעמט דער ליבער זומער שוין
פּאַקן זיין געפּעק:
פולע, פולע פעסער זון,
רעגנס — פולע זעק...

ס'וועט אים נוצן יעדער זאַך,
אינעם וויטן וועג. —
טאָמער, ווו אַ טרוקעניש,
בינדט ער אויף די זעק...

טאָמער, ווי א פינצטערניש,
עפנט ער א פּאַם,
וועלן גאנצע סנאָפּעס זון
שטראַלן אַף דער גאַם...

פאַר זשע דיר געזונטערהייט
און פאַר אַלץ א דאַנק! —
אינעם ווייטן, קאַלטן לאַנד,
וואַרט מען אַף דיר לאַנג.




ס'האָט די זון, די ליבע זון,
א ביסל זיך פארשלאָפן היינט.
ווי, וואָס דאָרט האָט זיך געטון! —
ס'האָט דער הימל זיך צעוויינט.

ס'האָבן ווינטן זיך צעיאָמערט,
רעגנס האָבן זיך שפריצט.
ס'האָבן דונערס זיך צעדונערט,
ס'האָבן בליצן זיך צעבליצט.

ס'האָבן כוואַליעס זיך צעהוליעט,
זיך צעשפריצט מיט ווייסן שוים.
ס'האָבן פייגל זיך געטוליעט,
אין די נעסטן, אפן בוים.

ס'האָט זיך אלץ א ריר געטון.
א קליינקייט, וואָס ס'האָט געטראָפן! —
ס'האָט די זון, די ליבע זון,
א ביסעלע זיך היינט פארשלאָפן...



# מיין שטיבעלע

טיף דער יאם און טיף דער הימל,
יאם און הימל טיף.
און צווישן יאם און הימל
שווימט מיין קליינע שיף.

שווים, דו שיפעלע, מיין קליינס,
צו דעם ווייטן ברעג.
ווו געשטאנען איז אמאָל
א שטיבעלע באם וועג׳ —

כ׳וועל דאָס שטיבעלע דערקענען
מיטן ערשטן בליק:
דאָרטן איז מיין וויגעלע
געהאנגען אף א שטריק.

נאָענט איז א טייכעלע
געפלאָסן אין דער שטיל.

אפן שטילן טייכעלע
האָט גערוישט א מיל.

און אף יענער זייט פון מיל
האָט א וואלד געבליט,
וועל איך גאָר אין וואלד הערקענען
אלע מיינע טריט.

כ׳וועל דערקענען יעדן בוים,
יעדע פויגל־נעסט. —
כ׳האָב דאָרט יעדעס סטעזשקעלע
באָרוויס אויסגעמעסט.

און די לאָנקע בא דעם וואלד
דערקען איך אף געוויס:
אף דער גרינער לאָנקע שטייט
א באָטשאן אף איין פוס...

און אינמיטן לאָנקע איז
א ברונעמל פאַראַן,
פלעגט די מאַמע שעפּן דאָרט,
וואסער מיט א קאַן.

אויך דער וועג, דער זאמדיקער,
איז מיר גוט באקאנט,
כ׳פלעג מיך אין די זומער־טעג
שפּילן אינעם זאמד.

אונטער מיינע הוילע פיס
האָט דאָס זאמד געברייט.
האָב איך אויסגעבריט אין זאמד
מיינע ערשטע טריט...

שווימזשע, שיפעלע, מיין קליינס
צו דעם ווייטן ברעג,
וווּ געשטאַנען איז אמאָל
מיין שטיבעלע באַם וועג.




בויער, בויער!
בוי אױף א טויער,
אָן העק און אָן פּיילן,
פון ליבע די זיילן,
פון עמעס די שפּיצן,
מיט קלוגשאפט באפּוצן,
מיט שיינקייט באקראנצן,
דעם טויער אינגאנצן.
און גאָר אויבנאָן —
פון גלויבן די פאָן!

די שלעסער פון וואָס? —
אַן ריגל, אָן שלאָס,
אָפן און פריי!
ס'וועלן פאַרביי,
אָרעם אין אָרעם:
ברוינע פון דאָרעם,
פון צאָפן די העלע,
פון מיזרעך די געלע,
נעגער מיט זיי —
אין געשלאָסענער ריי.




(לייוויקן געווידמעט)

מאָל איך מיך —
א מענטש אױף פּאַפּיר.
מאָל איך דעם מענטש אזוי:
דער קאָפּ גרוי, זייער גרוי,
קימאט ווייס.
אויגן, יונג און הייס.
אויגן, וואָס לייכטן און גליען.
און אָדלער־פליגל, גרייט צום פליען,
מאָל איך אויס.
א מענטש מיט אָדלער־פליגל? —
ס'מאכט ניט אויס...

און אַ האַרץ וועט ער באַזיצן,
העל, ווי די אָנהייב־שפּיצן
אין זונען־אויפֿגאַנג.
און צאַרט ווי קינדער־געזאַנג.

און דער מענטש אַליין? —
וועט זיין שיין, זייער שיין!
און גאַנץ, אָן אַ מום.
פֿון וואָסער לאַנד? — פֿון אומעטום.
פֿון וואָסער פֿאַרב? — ווי איר ווילט.
גוט און מילד,
ווי אַ קינד
און דרייסט, ווי אַ שטורעמווינט.




זונעלע, מיין זונעלע,
זאָג, וואָס ווילסטו זיין? —
איך וויל זיין א שניידערל,
א שניידערל, א פיינס.

ווו וועסטו נעמען
א נערעלע צו נייען? —
כ'וועל א נערעלע פון גאָלד,
אויסשמידן אליין.

וואָס וועסטו איינפעדעמען
אין נערעלע אריין? —

די זונען־שטראַלן וועלן
מיינע פּעדים זיין.

וואָס וועסטו נייען מיט זיי,
זונעלע, דו מיינס? —
— כ'וועל אַ קליידעלע איפּנייען,
פון לעוואָנע־שיין.

ווער וועט זיך אין קליידעלע,
אין דעם שיינעם, צירן? —
מיין שוועסטערל, מיין קליינינקע,
וועט אין דעם שפּאַצירן.




איך האָב אַ שוועסטערל, א קליינס,
מאָל איך עס דאָ אָפּ:
צוויי פיסעלעך, צוויי הענטעלעך,
א מיילעכל, א קאָפּ.

א מיילעכל — א פיצעלע,
ליפעלעך — א פראכט.
ריידן קען עס ניט קיין וואָרט,
וויינט עס נאָר און לאכט.

אין מיילעכל — צוויי ציינדעלעך,
שפּילקע־קעפּלעך צוויי.
קענען זיי דערווייל ניט עסן,
בייסן קענען זיי.

הענטעלעך — צוויי קישעלעך,
גלאַטע, ווי פון זייד.
„טאַשע, טאַשע, קיכעלעך!” —
פּליעסקען זיי מיט פרייד.

פיסעלעך — צוויי סטעמפּעקלעך
און קען אָת זיי ניט גיין.
האָט קיינער אזא שוועסטערל,
נאָר איך אליין!




שטייט די מאמע אינדערפרי,
מיטן קוישל אין די הענט,
ציילט און ציילט שוין וויפל מאָל
אלץ די זעלבע פופציק סענט.

פופציק סענט פאר פינף מיילער,
עסן יעדעס מויל עס וויל.
קוקט זי אינעם לערן קוישל
און זי כעשבנט אינדערשטיל:

קוילן, זאַלץ, אַ פֿערטל צוקער,
קאַווע, גרויפּן, ברויט אַ פֿונט,
מילך אַ גלעזל פֿאַרן טאַטן,
ס'איז דער טאַטע ניט געזונט.

גוט איז אויך פֿון אָט אַ יאַיכל,
דאַרף מען אָפּן־פֿלייש דערצו...
פֿעלט איר נאָך אַ ביסל קלײנגעלט,
באָרגן איז ניטאָ שוין וווּ...




די באָבע און דער זיידע,
גייען זיך שפּאַצירן ביידע:
דער זיידע — אָנגעלענט אין שטאָק,
די באָבע גייט און שטריקט א זאָק.

שטענדיק גייען זיי אינאיינעם.
אמאָל צו גאַסט, אמאָל — צו קיינעם.
פריש די לופט, אינדרויסן שיין,
וויל זיך גלאַט א ביסל גיין.

א ביסל אויסגלייכן דעם רוקן,
א ביסעלע די שטאָט באַקוקן,
מיט די גאַסן זיך באַקענען,
עפּשער טרעפן זיך מיט וועמען?

א נאָענטן מענטש, א היימיש וואָרט.
אָבער גיי געפֿין זיי דאָרט:
גרויס די שטאָט, א יאַם, א קראַך!
און גאסן זיינען דאָ א סך.

שיינע גאסן, מעכטיקע שיין! —
נאָר אַלע גאסן אַלציין.
אַלע הייזער, ווי איין הויז,
ווייסט מען ניט, ווו איין, ווו אויס.

ווו דער אָנהויב, ווו די מיט,
דאַרף מען זיין אָפּגעהיט:
ניט פֿאַרבלאָנדזשען, כאָלילע,
ניט פֿאַרקוקן זיך אפֿילע.

פֿאַרלירט מען נאָר דעם גלייכן וועג,
שפּעטער גיי, זוך, פֿרעג.
וועמען פֿרעגן און ווי אזוי?
גיי דערקען דאָ, ייד צי גוי...

דער גוטער יאָר מעג זיי קענען!
פֿרעגן יידיש — ניטאָ בא וועמען.
און אף גויש לאָשן רייד,
קען ניט קיינער פֿון זיי ביידן...

די באָבע און דער זיידע,
גייען זיך שפּאַצירן ביידע:
דער זיידע — אָנגעלענט אין שטאָק,
די באָבע גייט און שטריקט א זאָק.




באָבע!
כ'האָב דיין בריוו געלייענט.
ס'האָבן אלע אין שטוב געהערט.
די מאמע האָט דערביי געוויינט,
דער טאטע האָט געווישט א טרער...

איך אליין פארשטיי ניט אלץ,
וואָס אין בריוו איז אָנגעשריבן,
ס'האָט מיר נאָר געשטיקט אין האלדז.
און — זיי ניט בייז, באָבע ליבע —

ב'זויס ניט, ווי דאָס איז געשען:
ב'האָב דיין בריוו פאַרענדיקט לייענען,
האָב איך אפן בריוו דערזען,
א קיילעכדיקן פלעק, א קליינעם.

כ'זויס, אז וויינען איז ניט שיין,
בעסער האָב איך ליב צו זינגען,
ס'איז די טרער פון זיך אליין,
פון מיין אויג ארויסגעשפּרונגען.

שרייבסט אין בריוו אזויפיל נייעס,
פון דיין פאָטערלאנד, דעם ווייטן:
מענטשן, ווי די ווילדע כאַיעס,
פאַלן אָן איינס אפן צווייטן.

טירן ברעכט מען פון די קראָמען,
און מען הארגעט גרייז און קינד.
יאָ, ווי רופסטו דאָס — „פּאָגראָמען",
מיעס, ווי שרעקלעך מיעס דאָס קלינגט!

זיי געזונט! איך לאָז דיר גרוסן.
כ'אייל זיך איצט אין שולע גיין.
ס'שיקט די זון שוין הייסע קושן,
דורך מיין פענצטערל אריין...




געווען איז מיין פעטער א דאָרפישער איד,
שטענדיק באַם אקער פאַרנומען.
נאָר איינמאָל אין וואָך, אין טאָג פון יאַריד
פלעג ער אין שטאָט אַריינקומען.

פלעג ער זיך אָנטון די יאָנטעוו־קאַפּאָטע,
די פּאָלעס אין גאַרטל פאַרשטעקן,
די שטיוול. ערשט פריש אין דזשעגעכץ געשמירט,
טראָגן מיט זיך אף א שטעקן.

און גייען אזוי מיט לאַנגזאַמע טריט —
ס'זועט דער יאַריד ניט אַנטלויפֿן.
אַמאָל פֿלעג ער פֿירן אַ קו פֿאַרן שטריק,
אַמאָל אַ בוהיי צו פֿאַרקויפֿן.

ערשט אינעם וועלדל פֿון הינטער דער שטאָט,
פֿלעג ער אַ ווײַלע אָפּרוען,
לאָזן די קו זיך פּאַשען אין גראָז,
אַליין — אַ ליולקע פּאַרציען.

דערנאָך מיט שווערע, באַשטויבטע טריט.
פֿלעג ער אין שטאָט אַרײַן שפּרייזן.
אַ שטאָט, קיינעהאָרע, מיט ייִדן אַסאַך,
פּאַסט זיך ניט באָרוועס צו ווײַזן.

פֿאַרקויפֿט פֿאַר מעזומען די קו אױפֿן מאַרק,
פֿלעג ער דערנאָך אין די קלייטן,
קויפֿן מאַטאַנעס די קינדער אַהיים,
דער מומען — אַ טיכל מיט קווייטן.

געווען איז מײַן פֿעטער אַ דאָרפֿישער ייִד,
שטענדיק באַם זאַקער פֿאַרנומען.
נאָר איינמאָל אין וואָך, אין טאָג פֿון יאַריד
פֿלעג ער אין שטאָט אַרײַן קומען.




פעטער ווינטער איז געקומען. —
סארא ליבער גאסט! —
האָבן מיר אים אויפגענומען,
ווי פאר אים זיך פּאסט:

מאטלען האָט אויפגענייט
א מאנטעלע דער טאטע.
סאָרעלען, אין אלטן קלייד —
א שפּאָגל נייע לאטע...

בערעלען — די זעקעלעך,
אויסגעצערעט שיין.
פּערעלען — די לעקעלעך,
אויסגעצוואָגן ריין.

אלע האָבן זיך באַגייט
פֿאַרן ליבן גאַסט.
אױפֿגענומען אים מיט פֿרייד,
טאַקע װי עס פּאַסט.

און דער ליבער גאַסט, דער װינטער,
האָט אונדז גלייך דערקענט.
זײַנע פּעקעלעך צעבינדט ער,
װאָס ער האָט געבראַכט.

יעדערן א פּעקעלע,
מאַטאַנעס — אַלערליי:
דעם — אַ קניפּ אין בעקעלע,
דעם — אין נאָז א דריי.

דעם — א הוסטעלע, א פֿרישם —
יעדן לויט עס פּאַסט.
קײנעמען פֿאַרפֿעלט ער נישט.
סאַראַ ליבער גאַסט!..




זיצט דער טאטע און ער נייט,
ביז די העלע זון פאַרגייט.
אז די העלע זון פארגייט —
זיצט ער ווידער און ער נייט.

נייט דער טאטע פונדאָסניי.
זינגט מאשין: טו-דיי-טו-ריי!
אָט אזוי, ביז אָונט שפעט,
ביז די מאמע אינעם בעט,

טוט א קרעכץ: „שפאר זיך צו!" —
ענטפערט טאטע: „א דייגע גו.
נאָך א רעגעלע, ניט מיין:
כ'שטעל די ארבל אריין,
כ'ניי דעם קאָלנער איין,
אויספרעסן — און ניט מיין".

נייט דער טאטע א גאנצע וואָך.
ס'העלפט די מאמע „טון א שטאָך",
פירט א רעקל אָפּ אין קלייט.
און דערווייל און צווישנצייט,
שטעלט זי צו מיטיק קאָכן.

אזוי־אָ פירט זיך אינדערוואָכן.
שאבעס ענדיקט טאטע אוים.
העלפן אלע אים ארוים:
ווער פאסטריגעס שלעפּט פון סטאָן,
ווער עס נייט א קנעפּל אָן.

יעדער טוט, וואָס ער קען,
יאָגט די ארבעט מיט א ברען,
מען יאָגט פון זיך די גאל ארוים. —
שאבעס ענדיקט טאטע אוים.

זונטיק, אינעם טאָג פון רו,
גרייט דער טאטע ארבעט צו:
קריידט און מעקט, מעסט און שניידט,
זונטיק, נאָר ביז מיטיקצייט.

שפּעטער, נאָך א שאָ, צי צוויי —
פארענאכט איז טאטע פריי,
שפּארט ער זיך א ביסל צו. —
זונטיק איז דער טאָג פון רו...



מומע זלאטע
טרינקט א מאטע
און פארבייסט א קיכל.
נאָך א מאטע
גיסט אָן זלאטע
פארן פעטער מיכל.

פעטער מיכל
נייט א שיכל
מיט דער רעכטער האנט.
מיט דער לינקער,
מאטע טרינקט ער,
טרינקען זיי באנאנד.

קומדי פֿון שול

דער קלײנער שמועל,
הונגעריק — פֿאַרבײ,
גיסט אים זלאַטע
און אַ מאַטע,
טרינקען אַלע דרײַ.

פֿון אַ טעצל
נאַשט דאָס קעצל
מילך מיטן הינטל.
דאָס אַ לעק,
דאָס אַ שמעק —
סאַראַ ליב געזינדל!




איך „שפיל" מיט מיין טאטן אין פערדלעך,
ניט, ווי מען שפילט אַף געלעכטער;
מיר שפאנען זיך איין אין א וואָגן,
טאקע א וואָגן, אן עכטער.

פול איז דער וואָגן באלאָדן,
מיט גרינס, מיט פרוכט און מיט אויבסט.
אין וואָגן געשפאנט זיינען מיר,
ווי פערד: — א קליינס און א גרויס.

מיר פירן די פרוכטן פאנאנדער,
אין צענדליקער הייזער און שטיבער.

טראמווייען און אויטאָמאָבילן,
יאָגן מיט כויזעק אונדז איבער.

זיי יאָגן אונז אָן מיט געפּילדער,
און איילן אוועק ערגעץ ווייט.
זיי טרובען צו אונז מיט געבייזער:
„העי, אַראָפּ אַף א זייט!"

מיר קירעווען אָפּ אַף א זייט,
אַף דער לינקער און באַלד אַף דער רעכטער.
איך „שפּיל" מיט מיין טאַטן אין פערדלעך,
ניט, ווי מען שפּילט אַף געלעכטער...




מיטן פענדזל אין דער האנט,
מאָל איך אײם א וווּנדער־לאַנד.
וווּנדער, גרעסער אײנס פון צווייטן:
ברויטן וואקסן אף די ביימער.

פוטער־קוכן, פרישע בייגל,
הענגען נאָך אף יעדן צווייגל.
דארף מען זיין נאָר גוט און וואויל,
פאלן זיי אליין אין מויל.

קינדער האָבן נאשן ליב,
פליסט א טייכל בא דער שטוב,

פול מיט האָניק, ביז צום ברעג.
ווילסטו האָניק, נעם און לעק.

פעלדער זיינען שטענדיק גרין
און די לופט איז בלויליך, דין.
פליען פייגל אין א קרייז,
איינציקווייז און פּאַרנווייז.

פליט דאָס שוועלבל מיט דעם ראָב,
שיינט אף זיי די זון אַראָפּ.
פליט דער אָדלער מיט דער טויב,
אוים מיט רויבער און מיט רויב.

אוים מיט בייזע און מיט בייז.
רונד ארום און אין א קרייז,
רייטן קינדער אף א לייב...
גלאט אזוי פאר צייטפארטרייב.

גלאט אזוי פאר היימלעכקייט.
אף די גאסן — קינד און קייט
טאנצן אין א ראָד באנאנד,
אינעם ווונדער־ווונדער־לאנד.



א ציגיינער איז דער טאטע,
אָ ציגיינערן די מאמע,
און ציגיינערלעך די קינדער —
איינס און איינס ציגיינער סאמע.

שוואַרצע אויגן האָט דער טאטע,
שוואַרצע אויגן האָט די מאמע,
און די קינדערלעך, די קליינע,
האָבן אויגן — שוואַרצע פלאמען.

האָט דער טאַטע אַ גיטאַרע
און די מאַמע איז נאָך יונג;
שפּילט דער טאַטע אויף גיטאַרע,
טאַנצט די מאַמע לייכט און פלינק.

שפּילט דער טאַטע, טאַנצט די מאַמע,
פּליעסקען קינדער מיט די הענט.
שיין איז דער ציגײַנער טאַנץ,
בײַ דעם פײַערל אין פעלד.



# א געבעט צום רעגן

רעגן גוטער, רעגן ליבער! —
אין די קאַלאַניסטן שטיבער
וואַרט מען אַף דיין קומען לאַנג.
ס'איז פון צאָער די מאַמע קראַנק
און דער טאַטע גרוי פון זאָרגן.
ס'וויל דער קרעמער מער ניט באָרגן,
ניט קיין ברויט און ניט קיין זאַלץ.
און פון שטוב פאַרזעצט שוין אַלץ.

ס'טריקנט אינעם מויל די צונג.
אין די ערד, זי לעכצט א טרונק.
ס'וועלקט די זאנג, עס דארט דער בוים,
ס'פאלט פאר דורשט דאָס פערד אין צוים.
עס שטרעקט פאר דורשט די קו זיך אוים.
מען ווארט אַף דיר אין יעדן הויז,
אין אלע קאָלאָניסטן שטיבער —
רעגן גוטער, רעגן ליבער!




װעט איך די שטאָלענע פײגל דאָרט, הערך? —
היט אײך פאַר פײער, היט אײך פאַר רױך!
זײער אָטעם איז סאָם, זײ שפּײען מיט בלײ. —
שױן װידער דערהאַרגעט אױפעלעך דרײ!

מען האָט זײ געפונען אין א כורװע פאַרשיט.
דער טאַטע איז אַװעק באַשיצן מאַדריד,
די מאַמע געשטעלט זיך נאָך ברױט אין דער רײ —
שױן װידער דערהאַרגעט אױפעלעך דרײ!

פאַרװאָס? פאַר װען? — פרעגט בא דער זון,
פרעגט בא דעם טאָג. זײ װײסן דערפון...
דרײ פיצעלעך קינדער געשפּילט זיך צוזאַמען,
געװאַרט אף א ברױט, געװאַרט אף דער מאַמען.

געהאַרט, אז דער טאַטע זאָל קומען פון קריג,
דינגען א לידל ראַבערטאָן, אין װיג,
מיט לאָלאַ און טשאָלאַ שפּאַצירן צוזאַמען —
געװאַרט אפן טאַטן, געװאַרט אף דער מאַמען.

נאָר טאַטע און מאַמע — אַלץ ניט געקומען.
און איבערן דאַך איז שרעקלעך דאָס זשומען.
טוליען זיך קינדער צונויף אין אַ קנויל,
עס שפּאַרט פון די קינדישע אויגן דער גרויל.

עס שטרעקן נאָך הילף זיך די קינדישע הענט.
עס טוט פאַר די אויגן זיי עפּעס אַ בלענד!
עפּעס צעפּלאַצט און פאַלט אויף דער ערד!
און — מער האָבן זיי ניט געזען, ניט געהערט..




ניכער, ניכער, קאַפּיטאַן!
לאָז די שיף אין פולן גאַנג;
אפן צווייטן ברעג פון יאַם
וואַרט מען אף דער שיף שוין לאַנג.

ס'וואַרטן קינדער הונגעריקע,
באָרוועסע און אָן א קלייד,
אף א ברעקל טרוקן ברויט,
אף א טראָפּן טרייסט און פרייד.

ס'וואַרטן טאַטעס אין דער שלאַכט,
פאַר א לעבן פריי אָן שאַנד,
אף דער ברודערלעכער הילף,
אף א ברודערלעכער האַנט.

ס'וואַרט דער קראַנקער אין זיין בעט
אַף רעפּועס פאַר זיין ווונד.
העי, איר כוואַליעס, רויק זייט,
און איר ווינטן שווייגט אַצינד!

שווייגט און האַלט דעם אָטעם איין,
לאָזט די שיף אין פולן גאַנג;
אַפן צווייטן ברעג פון יאַם
וואַרט מען אַף דער שיף שוין לאַנג!




בים־באָם! — גלאָקן קלינגען:
זײַט וואך!
ס׳קנאַקן רויטע פײַער־צונגן
אױפֿן דאַך.

ס׳לעקן רויטע פײַער־צונגען
שוין די ווענט.
בים־באָם! — גלאָקן קלינגען:
ס׳ברענט!

איבער אַלע, אַלע קעפּ
ברענט דער דאַך.
אונטן פֿאַלן אײַן די טרעפּ
מיט געקראַך.

און עס ברעכן שוין צוזאמען
אױך די ווענט.
העי, פייערלעשער, ניט פאַרזאמען,
ס׳ברענט!

ס׳יאָגט א שטורעמווינט, א בייזער,
א געוויטער.
פלאַמען טראָגט ער איבער הייזער,
פונקען שיט ער.

און ער שפּרייט די פלאַמען אויס
מיט ווילדן ראַש,
פון דאַך צו דאַך, פון הויז צו הויז,
אַף יעדער גאַס.

פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד,
אַף קאָנטינענט.
העי, פייערלעשער, ניט פאַרזאַמט,
ס׳ברענט!




איינס, צוויי, דריי!
גייען זעלנערלעך פון בליי,
ביקס אױף אקסל, האַנט און האַנט
און פאָרויס דער קאָמענדאַנט.

גייען זעלנערלעך פון בליי,
פיר אין ריי, פיר אין ריי,
אַלע מיטן זעלבן טריט,
אַלע מיטן זעלבן ליד.

פויקט צום טאַקט דער באַראַבאַן:
„פעסטער שפּאַן, פעסטער שפּאַן!"

ברוסט אָרויס, קאָפּ אַרויף,
לויף!

לויפן זעלנערלעך פון בליי,
אַף הורײַ, אַף הורײַ! —
מיט געפּויק און מיט געשאַל.
פאַל!

ליגן זעלנערלעך פון בליי,
ליגן אײַנגעלייגט אין דרײַ.
קאָפּ צו פיס, קאָפּ צו פיס,
שיס!

ענטפערט איינער פון דער ריי: —
„שיסן, פע! עס טוט דאָך וויי"
און א צווייטער טוט א מאַך:
„שיסן איז א מיעסע זאַך".

זאָגן אַלע נאָכאַנאַנד:
„ס'איז א ווייטיק און א שאַנד".
שווייגן אַלע ביקסן שטיל
און עס נעמט א סאָף צום שפּיל.




א מויז,
איז פון לאָך ארויס,
עסן זוכן.
זעט זי א קוכן
אפן טיש.
פריש —
ערשט
פון אויוון ארויס.
זיס,
ווי צוקער
און דעריקער —
— גרויס.
באַלעקט זיך די מויז:
מיילעס א סאך.
איין כיסאָרן בלויז —
די קאץ איז וואך...




הינטל, פּינטל, שנעקל.
ווילסטו פֿלייש א ברעקל?
ווילסט א מאַרך־ביינדל? --
ווייז־זשע פֿריער א קײנדל.

קײנדל זיך צו ביסלעך:
שטעל זיך אַף צוויי פּיסלעך,
טו א דריי דעם עק,
מיט דער צונג א לעק,
מיטן אויג א פּינטל,
ווי א פּריציש הינטל...




זיבן גענדזעלעך און א שורע,
אַלע מיט דער זעלבער צורע:
ווים דאָס ערשטע, ווים דאָס צווייטע.
האָבן גענדזלעך פליגל ברייטע,
מאכט דאָס ערשטע גענדזל פּאָך,
מאכט עס באלד דאָס צווייטע נאָך.
און אזוי דריי און פיר,
פּאָכן פליגלען אָן א שיר.

זיבן שנאָבלען, אַלע געלבע,
אויך דאָס לאָשן איז דאָס זעלבע:
איינע — גאָ, דאָס צווייטע גא,
ס'איז א גענדזן שפּראַך אוא.




אויסגעפּוצט און אויסגעצירט
אין זיין קעניגלעכן טראַכט,
האָט דער לייב א שפּאַציר
אין זיין וואַלד געמאַכט.

איז דער לייב אַפֿ שפּאַציר
אין זיין וואַלד אַוועק,
גייען הינטן אייזלען פיר
און טראָגן נאָך זיין עק.

און פֿאָרויס די ערנוואַך,
דעם לייבס געטרייסטע שרײַ:
דער פֿוקס, דער וואָלפֿ און בערן אכט,
דער כאזער און דער שפּיץ...




קיטשע, קיטשע, קעצעלע,
ווילסטו מילך א טעצעלע?
סמעטענע אַ שיסעלע?
ווארט נאָך צו אַ ביסעלע.

באלד וועט קומען מאמע קאַץ,
וועט זי ברענגען אַף א טאַץ:
ברויט מיט פּוטער און א מעסער,
פרישע מילך אין די פלעשער.

וועסטו נאשן, וועסטו עסן.
אָבער, זאָלסט זיך ניט פארגעסן —
פריער וואשן שיין און ריין,
נאָכן עסן — שלאָפן גיין.

שלאָפן איז א פארגעניגן.
ס'וועט די מאמע קאַץ דיך וויגן.
און דער פאָטער,
שווארצער קאָטער,
וועט בא דיר צוקאָפּנס שטיין
און א לידל זינגען פיין:

„איי-לו-לו-לו, קעצעלע!
מילך איז אין טעצעלע,
סמעטענע אין שיסעלע,
שלאָפזשע איין א ביסעלע".




.1

איז א טייכל, גלייך און שמאָל,
זיך געפלאָסן אין א טאָל.
טאָג און נאכט זיך נאָר געפלאָסן
און דעם גאנצן טאָל פארגאָסן.

און די פעלדער אָנגעטרונקען.
האָבן פעלדער זיך צעזונגען,
זיינען פעלדער אויפגעגאנגען,
פול מיט קערנדיקע זאנגען.

מיט צעבליטן ווייץ און קאָרן.
זיינען זאנגען רייף געוואָרן.
האָבן סערפּעס זיך צעקלונגען,
האָבן שניטער זיך צעזונגען.

האָט מען סנאָפּעס אַפּן פעלד,
אין די שאָקן אויפגעשטעלט,
אויסגעטריקנט אַף דער זון
און דערנאָך אזוי געטון:

אָפּגעפּירט זיי אינעם שייער.
אין די ווינטער־טעג, די פרייע —
אויסגעדרעשט און אויסגעווייעט.
האָט מען גרויסע זעק געניית,

אָנגעשאָטן פולע זעק
און מיט זיי אין מיל אוועק,
מעל צו מאָלן מיטן ווינט,
פארן גאנצן הויזגעזינד.

.2

נאָר די מיל געווען איז ווייט,
ערגעץ, העט, אַף יענער זייט.
און אין מיל דער מילנער יונג,
האָט געפּאָלגט דעם פּאָרעצס ווונק,

האָט געטון לויט זיין באפעל
און אַף דריי געטיילט דאָס מעל:
העלפט פאר זיך, פארן מאָלן,
העלפט פאר רענט דעם פּאָרעץ צאָלן.

און דעם פויער וואָס? — די קלייען.
ריכטיק איינגעטיילט אין דרייען...

.3

האָבן פויערים זיך פארקלערט,
קלערנדיק — געגלעט די בערד.
האָבן שטערנס זיך געקנייטשט,
און א פויער מיט א בייטש,

נים אזויפיל אלם, ווי גרוי,
האָט א זאָג געטון אזוי:
„לאָזט די ווינטמיל מיטן ווינט
און דעם פּאָרעץ מיט די הינט!"...

„אונדזער טייכל שטראָמט און קוועלט
און באפרוכפּערט אונדזער פעלד,
זאָל עס אויך פאר אונדז אליין,
אונדזער איינן מיל-ראָד דרייען".

האָבן פּויערים צוגעהערט,
צוגעשאָקלט מיט די בערד
און צוריק אהיים געפאָרן,
מיט די פולע זעק מיט קאָרן.

אָפּגעלאָדן אלע זעק,
האָט מען אויסגעשארפט די העק,
אויסגעפיילט אין זעג די ציין
און אוועק אין וואלד אריין.

האָט מען ביימער אויסגעהאקט,
אָפּגעפירט זיי מיטן טראקט,
אָפּגעלייגט זיי אפן ברעג.
האָבן זיך צעבליצט די העק.

האָבן העקער זיך צעזונגען,
האָבן עכאָס אָפּגעקלונגען
און א מיל האָט זיך צערוישט,
אפן טייכלס קלאָרן שוים.

יעדנס מיל און אלע מאָלן,
קיינער דארף נים קיינעם צאָלן.
שטראָמט דאָס טייכל, דרייט דאָס ראָד
און די מיל, זי מאָלט און מאָלט.

.4

.ט אין מיל א פערד און וואַגן
ז'ארף מען אויך א ראָד באשלאָגן
און א פאַדקאָווע צום פערד. —
האָט מען ווידער זיך פארקלערט,

ווידער אויסגעשארפט די העק
און אין װאלד אריין אוועק.
האָט מען ביימער אויסגעהאקט,
אָפּגעפירט זיי מיטן טראקט,

אָפּגעלייגט זיי נעבן מיל.
האָט די ארבעט זיך צעשפּילט,
האָבן זיך צעזונגען הענט,
האָבן ווידער העק געבלענדט.

און אין זעלבן אפּדערנאכט,
האָבן פונקען אפן דאך,
אנגעזאָגט דעם טאָל מיט פרייד,
אז א קוזשניע שטייט שוין גרייט!

שטייט א קוזשניע נעבן מיל,
שמידט מען דאָרטן, וואָס מען וויל.
ווער אן אקער־אייזן שמידט,
ווער צום ראָד א נייע נײט.

שמידט מען דאָרט א גאַנצע וואָך.
בלאָזט דער בלאָז־זאק, פאָך און פאָך!
קלאפּט דער האמער און ער קלינגט
און דאָס טייכל שטראָמט און זינגט!

.5

האָט שוין ברויט צו עסן יעדער
אין צום וואָגן גאנצע רעדער,
דארף מען אויך שוין גאנצע שיך.
דארף מען שענער אָנטון זיך.

האָט זיך דאָרט באַוועצט אַ שניידער,
גייט ער פאַרן דאָרף די קליידער.
מיט אַ נעדעלע פון שטאָל.
און אַ שוסטער מיט אַן אָל.

און אַ סטאָליער מיט אַ זעג, —
איז אַ לעבן אַפן ברעג!
איז אַ דאָרף שוין אויפגעבוים! —
וואו דאָס ברויט איז — יעדנס ברויט.

ווו דאָס קלייד איז — יעדנס קלייד
און פאַר אַלעמען — די פרייד!

— — — — — — — — — —

און דאָס טייכל, גלייך און שמאָל,
שטראָמט און זינגט נאָך מער אין טאָל.




.1

ס'איז א ווייסעווינטער-נאכט,
מיר און פענצטער צוגעמאכט,
ווארעם אויסגעהייצט די הרובע,
בא דעם אויוון זיצט די באבע.

שלאפן איז נאך פרי צו גיין,
זיץ איך און איך הער מיך איין,
ווי די באבע רעדט, דערציילט,
צימ די ווערטער ניט געאיילט:

.2

ס'איז געווען א שטעטעלע,
א פיצעלע, א שרעטעלע.
געסעלעך קרומע,
הייזעלעך לאמע.

פיצעלעך פענצטער, דעכלעך פון שטרוי.
עס לעבן אין פרידן דער איד און דער גוי;
ווער פון מעלאכע, ווער פון א קרעמל
און צווישן זיי אלע — דער קלעזמער אוורעמל.

א קלעזמער, ווי אלע, א פּאַשעטער אידל.
אַבער א פידל, שוין איינמאָל א פידל
איז בא אוורעמל, דעם קלעזמער, געווען!
ווער ס'האָט אוורעמלען שפּילן געזען,

פלעג זיך גאָר זאט אָנקוקן ניט קענען:
כ'פלעגן די אויגן בא אים זיך צעברענען,
ס'פלעגן די סטרונעס באם הארצן אזש גלעטן.
מען פלעג אים אף פריצישע כאסענעס בעטן...

דאָס שטעטעלע אַבער איז ניט צופרידן.
ס'מורמלען אין שטעטל עלטערע אידן:
„ניט אנדערש, א קישעף שטעקט אינדרינען".
און פלעג מען זיין שטיבל פארבייגיין באגינען,

פלעג מען די אייגענע אויערן ניט גלויבן:
מען הערט אינעם פידל דאָס וואָרקען פון טויבן,
דאָס זיסע געזאנג פון פייגל באגינען —
„ניט אנדערש, א קישעף שטעקט אינדרינען".

.3

דאָ ווערט א ווײלע אנטשוויג[illegible] די [illegible]
ווארפט צו א שייטעלע האָלץ [illegible] [illegible]זרובע,
ווישט מיטן ברעג פון ארבל די ברי[illegible]
און ווידער דערציילט זי פאמעלעכל, שטיל:

.4

און איינמאָל, געווען איז א זומער, א הייסער;
געגאנגען זיך שלאָגן איז דעמאָלט דער קייסער.
צי מיטן טערק? צי מיט קיטייִ? —
נאָר ווען מען שלאָגט, אז אָך און אז ווײ...

שלאָגט זיך דער קייסער — א דייגע מיט וועמען —
הויבט מען אין שטעטל אָן זעלנער צו נעמען.

נעמט מען אוורעמלען אוועק אַף מילבאַמע.
ס׳בלייבן אין שטעטל נאָר אלטע און לאַמע.

זיפּצט מען אין שטעטל, מען וויינט און מען קלאָגט —
אוורעמל האָט אָבער אַ פידל פאַרמאָגט,
נעמט ער דעם פידל אין זעקל אריין,
צעלאַכט זיך דאָס שטעטל אינמיטן געוויין:



„וואָס וועט אוורעמל טון מיטן פידל? —
שפּילן אַף טערקיש די טערקן אַ לידל" —
לאַכט מען אין שטעטל, אַז ווי צו דעם לאַכן,
ס׳ליגן אין קאָפּ נאָך אזעלכע זאַכן...

5.

אוועק איז אווריעמל — פארפאלן געווארן.
קיין באן נים געווען אמאלסטיקע יארן,
פלעגן די זעלנער נאך גיין צופוס,
באלאדן, באהאנגען מים ביקס און מים שפיז.

ס'צאנקט שוין דער זומער, דער טאג איז נאך הייס,
דער אונט פארציט שוין א פרעסטל, א ווייס.
גייט מען באטאג, די זון איז צענליט,
פילט מען עס בריט דאס זאמד אין די טריט.

באנאכט אינעם הוילן שינעל אפן פעלד,
פילט מען די ביינער קנאקן פאר קעלט —
אזוי האבן שפעטער די זעלנער דערציילט.
ס'האבן די עלצטע זיי אונטערגעאיילט.

דער שמיץ פונעם עלצטנס נאגייקע איז שארף...
איז מען געקומען, ווו מען באדארף;
נאענט פון טערק, צי פון קיטיי,
די ביקסן שוין גרייט, געלאדן מיט בליי,

פערד אנגעזאטלט שטייען שוין גרייט,
ס'ציט שוין דער עלצטער—די שווערד פון דער שייד.
ווארט מען נאך בלויז אפן לעצטן באפעל.
שווידערט דאס לייב אין גרויען שינעל.

געזעגנט אין הארצן יעדער זיין היים.
זיין ווייב און זיין קינד, דאס שטיבל פון ליים.
די אייגענע היים איז ליב יעדן איינעם.
אווריעמל דער קלעזמער האט אבער קיינעם.

ער האט נים קיין קינד, ער האט נים קיין ווייב,
ער האט נאר א זעלנעריש העמד אפן לייב,
א פידל, א סמיטשיק און גארנים נים מיין —
פילט ער אין הארץ דריקט, ווי א שטיין.

עס נאָגט איִם אין הארצן, ער האלט עס־ניט אויס.
נעמט ער דעם פידל פון זעקל ארויס,
א צי מיטן סמיטשיק, אהער און אהין,
צעוויינט זיך דער פידל, דין, אזוי דין. —

ניט ווי קיין פידל, נאָר קינדער־געוויין.
אזוי קענען וויינען נאָר קינדער אליין.
לאָזט דאָס געוויין אלץ ווייטער זיך הערן —
הויבט אָן דער הימל אויך גיסן מיט טרערן.

פילט זיך מיט טרערן דער שוצגראָבן אָן,
פאלט פון דער האנט באַם זעלנער די פאָן.
שמעלצן אין ביקס זיך די בלייענע קוילן.
יאָמערט דער ווינט אין סטעפּ, אינעם הוילן. —

.6

ליגן די זעלנער און הערן זיך איין:
ווי קומט דאָ, אהער א קינדער־געוויין?
א יאָמער געוויין, ווי פון איינעגעם קינד?
ברענגט פון דער היים א גרוס זיי דער ווינט?..

און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דאָס געוויין,
צעברעכט יעדער זעלנער זיין שפּיז אָן א שטיין.
לאָזט ער דעם פולווער אוועק מיטן ווינט
און לאָזט זיך אהיים צו ווייב און צו קינד.

.7

און זעלנער מיט זעלנער, ־פוינע מיט פריינט,
האָבן געקושט זיך, געלאכט און געוויינט.
פארזיכערט צוזאמען, זיך לוסטיק געפילט
און אווער... דער קלעזמער האָט א פריילעכס געשפּילט.

# אינהאלט:


גוטמאָרגן — 5
זונען־פאַרגאַנג — 7
טאַנצט א רעגן — 8
נאָכן רעגן — 9
פרילינגס־כאָלעם — 10
א בעלעמער זון — 11
פרילינגס־ווינט — 12
שטורעם־ווינט — 13
קעניג ווינטער — 14
די זון אין יאַם — 16
אויסגעוועון זיין צייט — 18
די זון האָט זיך פאַרשלאָפן — 20
מיין שטיבעלע — 21
א טויער — 24
א מענטש — 26
זונעלע מיינס — 28
מיין שוועסטערל — 30
דער מאַמעס זאָרגן — 32
די באָבע און דער זיידע — 34
פון וויטן לאַנד — 36
א דאָרפס־מענטש — 38
פעטער ווינטער — 40
היים־שניידער — 42
דאָס געזינדל — 44
א שפּיל אין פערדלעך — 46
וואונדערלאַנד — 48
ציגיינער — 50
א געבעט צום רעגן — 52
אין שפּאַניע — 54
די שיף — 56
העי, פּייערלעשער — 58
זעלנערלעך פון בליי — 60
עסן ניט די קאַץ — 62
א פּריציש הינטל — 63
זיבן גענדזלעך — 64
אַז דער לייב גייט שפּאַצירן — 65
קיטשע, קיטשע, סעצעלע — 66
אלעמענס דאָרף — 68
אוורעמל דער קלעזמער — 73

S. WASERMAN

# GOLONDRINAS

(POESIAS PARA NIÑOS)



BUENOS AIRES

ARGENTINA

1 9 3 8